רבקה באַסמאַן בן-חיים

# די דרײַצנטע שעה



רבֿקה באַסמאַן בן־חיים

# השעה השלוש עשרה

Rivka Basman Ben-Haim

# The Thirteenth Hour

צייכענונגען: מולה בן־חיים

ISBN 965-430-046-X

©

פֿאַרלאַג "ישׂראל־בוך"
הילפֿספֿאָנד פֿאַר ייִדיש־שאַפֿונג
רחוב ברנר 2 תל אביב, 63826
"Israel Book" Publishing House
2 Brener Str. Tel Aviv, 63826
Printed in Israel – נדפס בישראל תש"ס
דפוס ראמים, חולון

ניט זײַן פֿאַרליבט,
ניט זײַן אויך קיין פּאָעט,
בלויז חלומען פֿון אַ פֿאַרגאַנגען לעבן
און זיך פֿאַרוואַנדלען
אין אַ סילועט
בײַם זונפֿאַרגאַנג,
מיט דיר דערנעבן.

*געאָרגי איוואַנאָוו*

ייִדיש: רבֿקה באַסמאַן – בן־חיים



דו זיצסט בײַם זײַט און זעסט און לייענסט
די קליינע אותיותלעך אויף ייִדיש,
ווי עס פֿאַרשרײַבן מײַנע הענט
און איך דערהער דײַן בליק,
אַז בלויז אין ייִדיש
ווערן מײַנע אותיות ניט פֿאַרברענט.

## ליד

קום און ווער אַ וועלט פֿאַר מיר,
איך זאָל האָבן ווו דעם קאָפּ אַוועקלייגן און אויסהיילן די אויגן.
קום און ווער פֿאַר מיר אַ וועלט,
ווו פֿרימאָרגן איז ניט אויף תּמיד שוין פֿאַרפֿלויגן.

פֿורעם ווי אַ דענקמאָל זיך פֿון בורשטין,
ווו אין אים באַהאַלטן זיך די שפּורן פֿון געדענקען.
ווער אַ וועלט, וואָס בליט אין אייביק־גרין,
ווער אַ ברעג, וואָס ימען קענען ניט פֿאַרשווענקען.

קום און נעם אַריַין מיך אינעם בלוט,
וואָס קריַיזט אַרום אין אַלע ווערטער
און אַנטפּלעק אַלמאַי אַנטלויפֿט דאָס גוטס
און בראשית־לאַנדשאַפֿט הויערט אַ פֿאַרשטערטע.

קום און זיַי די וועלט פֿאַר מיר.



עס גייט מיט מיר אַ בלום,
עס גייט מיט מיר אַ וואָרט,
די שטילקייט גייט מיט מיר.
עס גייט מיט מיר דײַן צײַט,
פֿאַרוויקלט אין דער נאַכט.
לבֿנה גייט מיט מיר
איר נאַכטיקן שפּאַציר,
זי שווימט, ווי תּמיד, שטום
און זעט בײַ מיר די בלום,
און הערט ווי בענקשאַפֿט רעדט –
זי הערט וואָס עס געשעט
אין לאַנד פֿון ליד.

**אַרום דער וויסנשאַפֿט**

כ׳האָב געלערנט דעם וווּנדער, וואָס גרינט אין אַ בלאַט.
ניט געלערנט *פֿיזיאָלאָגיע פֿון ווייטיק.*
כ׳ווייס ניט די געזעצן וואָס ווילן דערקלערן,
ווי אַזוי אַ ווייטיק באַרירן, פֿאַרגלעטן,
פֿאַרמײַדן.
מיט וועלכע מיטלען דאָס לײַדן פֿון ווייטיק
באַזיגן.
אָן אַ גילדענעם קלאַנג פֿון מוזיק,
אָן אַ מאַנגעריש וואָרט,
אָן אַ טרער –
איז אַיעדע היילונג
אַ ליגן.

**יאָר 2000**

די זון האָט ווי תּמיד
באַגרינט די בלעטער,
די ערד איז מיט זיך אויף אַן אָרט.
אונדזער גערייד: *פֿריִער צי שפּעטער*
בלײַבט ניט מער ווי אַ וואָרט.

צוויי טויזנט יאָר,
אַ טרער ווערט ניט עלטער,
ווערט קיין מאָל ניט אויס.
אַז אונדזערע בליקן זעען פֿאַרשטעלטער,
פֿירט אונדז די טרער פֿאָרויס.

זי באַהאַלט אַלע סודות
און זאָגט אונדז ניט אויס.

○

דו זאָגסט: מען דאַרף פֿאַרשרײַבן,
ווי דורות האָבן אונדז געלערנט,
עס זאָל אַ שפּור פֿאַרבלײַבן,
נענטער פֿון אַ שטערן.

דו זאָגסט: מען דאַרף געדענקען,
ווי דו אַליין וואָלסט בײַ דערבײַ געווען.
ווי קאָן איך *ניט* געדענקען,
אַז איך אַליין בין בײַ דערבײַ געווען!

דו זאָגסט: זיך ניט דערשרעקן,
די ערד בלײַבט אויף אַן אָרט
און ביימער בלײַבן אויך לענג־אויס די וועגן
און עס בלײַבט דאָס וואָרט

מיט ווונד אין פֿליגל און מיט שרעק.
אַ ווונדיק וואָרטגעפֿלי.
פֿאַרשרײַבן? אוי, ווילט זיך מיר פֿאַרמעקן,
נאָר כ'ווייס ניט ווי.

דו זאָגסט: מען דאַרף פֿאַרשרײַבן.

**ליטע**

אין וואַלד, אין פֿאַרקבֿרטן וואַלד,
ווו פֿרילינג איז טויט,
וואַקסן נאָך פּאָזעמקעס רויטע.
אַז דער שניי אין זון צעגייט,
ליגן זיי נאָענט צו די טויטע.

פֿאַר דעם וואָס קומט דאָ אין וואַלד
פּאָזעמקעס קלײַבן,
באַהאַלט זיי די ערד – די טויטע
זאָלן ניט עלנט פֿאַרבלײַבן.

## פּאָלאָנעז

אַ שטערן
וואָס פֿאַלט זיך קושן מיט דער נאַכט –
איז אַ פּאָלאָנעז.

דער ווינט וואָס העלפֿט דעם שטערן
זיך קושן מיט דער נאַכט –
איז אַ פּאָלאָנעז.

און דאָס דערזען אַ פֿאַלנדיקן שטערן
וואָס זאָגט אונדז צו
פֿאַרווירקלעכן אַיעדן חלום –
איז דער סוף
פֿון פּאָלאָנעז.



אַ בלאַט איז פֿון אַ בוים געפֿאַלן
שטילערהייט,
ווי ס'ווערט דאָס לעבן ווי פֿאַרפֿאַלן
און פֿאַרגייט.

אַ בלאַט האָט זיך פֿון בוים געשיידט
אויף אַלע מאָל,
ווי ס'קומט דאָס לעבן און פֿאַרגייט
אויף אַלע מאָל.

אַ בלאַט איז אין מײַן בליק פֿאַרבליבן
גרינערהייט,
ווי ס'בלײַבט די זון אין טאָג פֿאַרשריבן
און פֿאַרגייט.

## אַ שורה פֿון אַ חלום

רויטע וואָלקנס אין מײַן פֿענצטער,
רויט ווי מאַלינעס אַ מאָל.
בלויז סקעלעטישע געשפּענסטער
גייען אום אין יענעם טאָל.

רויטע וואָלקנס וואָס פֿאַרפֿירן
צו אַ בלוטיק־רויטער ווײַט,
וווּ עס בײַטן זיך קאָלירן,
מאָלן איבער אָרט און צײַט.

בלײַבט אַ רויטער וואָלקן הענגען,
ווי אַ מאַלינע בײַם פּלויט
און עס רעגנט צום געדענקען
יענעם וואָלקן צונטער־רויט.



און אויס איז מיטן חלום,
די וואָר האָט אים פֿאַרשווענקט.
און ווער עס האָט געחלומט –
בענקט.

די רויטע עריטרינע
צוריק אין פּולן בלי
און חלום איז צערונען
אין רויטן אינדערפֿרי.

פֿאַר וואָס האָט ניט געדויערט
די בענקשאַפֿט ביזן בלי,
אַז בלײַבן זאָל אַ חלום
אין דער פֿרי?



ס'איז די קילקייט פֿון װעטער,
װאָס פֿירט מיך אַװעק אין אַ װעלט ניט־פֿאַראַן.
בלײַב איך אַזױ פֿאַרנאָפּלט צום װעג
און הער פֿון דער װײַטן אַ באַן,

װאָס דערפֿאָרט און פֿאָרט ניט אַװעק,
און קײנער אין באַן איז ניטאָ.
װער פֿאָרט אין אַ לײדיקער באַן דורך אַ װעלט,
װוּ ס'איז קײנער ניטאָ?

בלײַב איך פֿון דרױסן און פֿרעג, װי אַזױ
דערפֿאָרט מען אַהין װוּ איך װיל?
זאָגט מיר דער װעטער קרירהדיק־גרױ:
ס'איז בלױז אַ פֿאַרבענקט געפֿיל...

שנײיִקע שױבן, זילבערנע פֿאַרב,
אַ װײַט־װײַטער קינדהײט־קאָליר,
און אײדער די שפּור פֿאַרלעשט זיך און שטאַרבט,
דערפֿיל איך דעם כּישוף אין מיר.



פֿון זינט דו ביסט ניטאָ,
חלום איך אַ ים פֿון וויַין,
וואָס קומט אַ טרער פֿאַרבײַטן.
נאָר קײנער קאָן ניט
זיס מאַכן
די זאַלציקייט פֿון טרערן,
אַפֿילו ניט דער אַלטער וויַין,
וואָס פֿון זײַן ניגון
פֿלעגט אונדז בעסער ווערן.



איך גיי מיט אַ ליד האַנט אין האַנט,
אַזוי ווי מיט דיר,
און אַ ליכטיקע ליבשאַפֿט קלאַמערט זיך איַין
אין שפּיגל־פּאַפּיר.

אין דרויסן רעגנט אַזוי ווי אַ מאָל
בײַם גיין מיט דיר צום ים,
און אַ שקיעה באַגלייט אונדז פֿון מאָל צו מאָל
און מיר ווערן דערטרונקען אין פֿלאַם.

די שפּור פֿון אַ ליד בלײַבט אויפֿן ברעג,
די שפּור גייט ניט אַוועק.

איך גיי מיט אַ ליד ווי מיט דיר, ווי מיט דיר,
דורך מײַנע אַנטלאָפֿענע טעג.



צי דערמאָנט זיך אַ גרעזל
אין אַ ברודער, אַ שוועסטער,
געוואַקסן אין איינעם, זײַט בײַ זײַט?
צי דערהערט אויך אַ גרעזל
די טרער פֿון ניט־ווערן
אין גרויסן ניטאָ
פֿון דער צײַט?

## האַרבסט

מיר טרעפֿן זיך אין ערשטן טאָג פֿון האַרבסט
און פֿרילינג האָט נאָך אַלץ אונדז ניט פֿאַרלאָזט.
מיר זעען ווי די גרויע וואָלקנס שרײַבן *ה אַ ר ב ס ט*
און באָרוועסע מיר לויפֿן נאָך אַרום אין גראָז.

אָט זענען מיר דערלאָפֿן צו אַן ערשטן טאָג אין האַרבסט
און אַלץ צוריק איז יונג און שיין.
פֿאַרעקשנט ריידן מיר צום גראָ פֿון האַרבסט
און ווילן אים ניט גראַמען מיטן וואָרט "אַליין".

מיר זינגען נאָך לכּבֿוד ערשטן טאָג פֿון האַרבסט .

**מײַן ליבסטער...**

מײַן ליבסטער איז אַ בוים
פֿון װאָרצל ביז דער קרוין,
פֿון צװײַג ביזן בלאַט,
װאָס כ'האָב אַ מאָל געהאַט.

מײַן ליבסטער האָט געבליט
מיט בונטן פֿרילינגצװײט
און די זון האָט אים געגלעט
פֿון פֿרי ביז שפּעט.

ער האָט אױך מיך געהיט
בשעת ער האָט געבליט
און אין זײַן בלעטערשפּראַך
האָט אױך געליכטיקט נאַכט.

מײַן ליבסטער איז אַ בוים,
פֿון װאָרצל ביז דער קרוין,
פֿון צװײַג ביזן בלאַט
װאָס כ'האָב אַ מאָל געהאַט.



ווען אַלץ ווערט רו,
קומען צו פֿליִען פֿון ערגעץ ווו
דיווילדע פֿייגל,
די שוואַרצע,
וואָס ברענגען דעם שטורעם אין האַרצן,
צעשטערן די רו
און פֿאַרשווינדן צוריק
אין ערגעץ ווו,
ווי גאָר ניט געווען.

דעמאָלט דערהער איך
דײַן קול וואָס באַרירט
די פֿאַרווונדיקטע רו
און פֿרעגט, ווי אַ מאָל:
וואָס איז געשען?



פֿון דער ווײַטן
איז לײַכט אונטערשיידן
אַ מענטש פֿון אַ הונט.
פֿון דער נאָענט –
אומגלייבלעך
דער בליק.

ס

די פֿונקען וואָס פֿליִען פֿון דיר
זענען אַ ים מיט לידער.
זיי פֿליִען אַרויס פֿון פּאַפּיר
און ווערן אין אָטעם פֿאַרגלידערט.

אַ פֿונק האָט געצונדן די נאַכט
און ניט געקענט זיך פֿאַרלעשן.
די דרײַצנטע שעה האָט געוואַכט
אין איבערגעקערטע מעת־לעתן

און בלויז דאָס ליד, ווי פֿאַרוועבט
אין שפּליטערל צײַט וואָס געגעבן,
און בלויז מיטן ליד האָט געלעבט
דאָס שענסטע פֿאַרשווּנדענע לעבן.



ווי אַזוי שטאַרבט מען
געזונטערהייט?
ווי אַ כוואַליע,
וואָס גייט אויס בײַם ברעג
און גייט ניט אַוועק,
ווי דער ווינט,
וואָס שלאָפֿט אײַן אין די בלעטער
און שפּעטער וועקט ער זיך ווידער?
ווי אַזוי שטאַרבט מען
געזונטערהייט
און מען בלײַבט
אין די לידער?



אַז די גרינקייט פֿון בוים
ווערט אויס און ניטאָ,
זינגט אַ פֿויגל אַן אומעטיק ליד
צום ניטאָ.

אַז די ליבשאַפֿט אונדזערע
ווערט פֿאַרשאָטן,
בענקט אויס דער בוים אַן אומעטיק ליד
צו דער ליבשאַפֿט.

אַז אַ ווײַס־ווײַסע טויב
פֿליט פֿאַרבײַ און ניטאָ,
בלײַבט אַ פֿאַסיקל הימלבלאָ אין די אויגן,
ווו די גרינקייט איז דאָ,
ווו די ליבשאַפֿט איז דאָ
און די טויב
וואָס פֿאַרפֿלויגן.

○

דעם גרעסטן כּישוף
טוט מען זיך אַליין:
די טויבן וואָס דו לאָזסט אַרויס
פֿון פוסטע הענט,
דאָס פֿײַער וואָס דו שלינגסט אַרײַן
און ווערסט ניט פֿאַרברענט,
ווו איז נאָך אַזאַ מין כּישוף פֿאַראַן?

אין אַ חמסיניקער גאַס,
וואָס מענטשן מײַדן זי אויס,
ביסטו די איינציקע
וואָס לאָזט פֿון פוסטע הענט
אַ טויב אַרויס.



אין אונדזער שטוב,
די צײַטווײַליקע שטוב,
פֿאַרברענג איך מיט דער אייביקייט.
איך פֿאַרזע די אַלטקייט
פֿון די ווענט,
די אָפּגעשיילטע פֿאַרב,
און איך וואַקס אַרײַן
אין יעדן ווינקל
מיט דײַנע פֿאַרבן,
וואָס דויערן.

איך בלײַב הענגען
אויף די פֿינגער־אָפּדרוקן
פֿון דײַן פּאַליטרע,
אויף דײַנע פֿאַרטעכער
מיט פֿלעקן ניט־באַפֿלעקטע.

אין אונדזער שטוב,
די צײַטווײַליקע שטוב,
פֿאַרברענג איך מיטן טויט
וואָס לעבט.

**אומרו**

דער ים
טוט אויף אַ שפּרונג
אין דער הייך
מיט שוים אויף די ליפּן.
דער ים
פּרווט אויך אַרויס פֿון די ברעגן,
פֿאַרפֿלייצן די וועלט, ווי אַ ים.
בלויז איך,
וואָס שטיי אים אַנטקעגן,
דערמאָן אים אַ ברעג און אַ צאַם,
וואָס ווערט אַ רגעלע אָפֿן,
אָן אַ ברעג, אָן אַ בריק,
ווי פֿון לעצטן שטערן אַנטלאָפֿן
און צום ערשטן
געקומען צוריק.



איצט הייבט זיך אָן דאָס געוועט,
ווער וועמען וועט אָניאָגן,
ווער וועמען – דעריאָגן
מיט אַ לעבעדיק אויער
אייגענע שורות דערהערן.
ווען דאָס ליכט דערגייט –
איז ניטאָ שוין קיין שטערן.

**אויף יענעם אָרט**

ווערטער רינען אויס
אויף יענעם אָרט,
בלויז די שטילקייט
האָט דאָס וואָרט.
ווינטיק־נאַקעט,
שטייניק־קלאָר,

אויסגעטאָן פֿון צײַט און מי,
מיט אַ וואָלקן אין די האָר,
בלײַבט זי קיניגן,
נאָר זי.



הער ווי די שטילקייט שרײַבט אַ ליד.
פֿאַרשרײַבט די שורות
אָן ווערטער,
בלויז שטילע פֿעדעם,
נאַכטיקע,
וואָס ציִען זיך
פֿון אָנהייב
ביזן סוף.

הער ווי די שטילקייט
וועקט דעם שלאָף,
ער זאָל הערן
וואָס זי האָט פֿאַרשריבן,
ווײַל אויסער זיי
איז קיינער ניט פֿאַרבליבן.
הער!

○

די זון הייבט אָן גיין פֿון דער הייך.
און דערגייט צו דער נידער,
גאָר אַנדערש ווי עס הייבן זיך אָן
לידער.

די זון הייבט אָן מאָלן איר שײַן
אויף שפּיצן פֿון בלעטער,
דאָס ליד וויל צו די וואָרצלען דערגיין,
אויף שפּעטער.

די זון הייבט אָן גלעטן די ערד,
ביז עס טונקלט איר לײַב.
דאָס ליד הייבט זיך אָן מיט אַ טרער
און פֿאַרבלײַבט.



ווײַזט אויס אַז אַלץ
שטייט אויף אַן אָרט.
דער שטיין – דאָרטן,
די שוועל – דאָ.
דער שטיין איז ווינטיק ריין,
תמיד ווינטיק ריין.
די בלומען –
אין אייביקער פֿאַרב פֿון פֿאַרוועלק.
ניט צו באַנעמען,
ווי אין אַזאַ געטלעכן סדר
צעפֿאַלט זיך אַ וועלט.

**היסטאָריע**

אַ פּיצל קינד באַקוקט מײַן קאָפּ אין גראָ.
אַ בוים וואָס האָט אַ מאָל דערציילט פון פרילינג
איז ניטאָ.
די פייגל האָבן שוין ניט יענעם רויטן דאַך,
ווו אין באַגינען האָבן זיי מיט אים פֿאַרבראַכט.

די גאַס האָט אומגעקערט איר פנים אויף צוריק
און דאָרטן ווו געצויגן האָט אַ בריק,
שטײַגן מויערן צום הימל שטראַם און גלײַך
און אויסגעטריקנט איז דער בלויער טײַך.

אין יענער גאַס, בײַם סאַמע ווײַטסטן ראָג,
געווען אַ קראָם מיט פֿייגלקלאַנגען פֿון פֿאַרטאָג.
אַצינד איז ניט פֿאַראַן דאָרט מער קיין קלאַנג
און בלויז די זון איז פונקט די זעלבע
אין פֿאַרגאַנג.



אונדזער אַלטינקער בוים
איז געוואָרן אַ מלאך.
ווערן אַ מלאך,
דאַרף מען אַדורכגיין אַ פֿײַער,
פֿאַרבלײַבן אָן בלעטער,
אָן זון און אָן היילונג,
ווערן אַ ווײַסע דערציילונג,
מיט פֿליגלהענט ווײַסע
צום הימל זיך ציִען,
ווי אַ תּפֿילה,
צום בליִען.



די נעכטיקע יאָרן
זענען אויסגעפּלאַסטערט
לענג־אויס דעם וועג,
לענג־אויס אַ גאַס.
איך גיי אַיעדן טאָג
אויף זייער שטומען קלאַנג,
אויף זייער שוויַיגיקער דערמאָנונג.
איך קאָן אין זיי ניט בלײַבן אויף אַ טראָט,
בלויז קלײַבן זייער שטילקייט,
ווי שוואַרצע יאַגדעס
אין אַ שעלמישן הוט
און געדענקען זייער זאַפּט –
זיס און גוט.



איך פֿיר מיטן רעגן אַ פֿלירט.
ער זאָגט מיר: געווען ביסטו שיין.
איך ענטפֿער: דו האָסט מיך פֿאַרפֿירט
און געלאָזט אַ באַרעגנטע גיין.

ער שווענקט מײַנע טרערן אַוועק
און זאָגט: לאָמיר גיין זאַלבע צווייט,
מיר גייען דעם זעלביקן וועג,
בלויז איינער פֿון אונדז פֿאַרגייט.

טראָפּנס טאַנצן אין קרײַז
און פֿאַרפֿלייצן דאָס פּנים, די הענט.
איך זאָג צו דעם רעגן: באַווײַז
צו פֿאַרלעשן דאָס פֿײַער וואָס ברענט.

אַ שטילקייט טריפֿט זינגיק אַרײַן
און רעגנדיק גלעט מײַנע הענט:
פֿאַרלעשן ווען איך וואָלט געקענט,
וואָלט קיין מאָל דאָס האַרץ ניט געברענט.



דער רעגן איז ווידער געקומען,
דער רעגן, וואָס כ'האָב אַזוי ליב.
איך הער די נאַכטיקע קלאַנגען
פֿון רעגנטריט זינגיק באַגלייט,
איך הער אין נאַכטיקן רעגן
ווי לעבן פֿאַרגייט.

דער רעגן איז ווידער געקומען.



איך ווייַן מיט דיר,
אַליין מיט דיר,
אין פֿרי מיט דיר,
ניט הי מיט דיר.
עס טרעפֿט –
איך לאַך מיט דיר
און וואַך מיט דיר
ביז – איך שרײַב מיט דיר
און בלײַב
מיט דיר.

## רקפת

אין גרויסן געטומל
פֿון מענטשן־כוואַליעס
האָט עמעצער זיך אָפּגעשטעלט,
אַ בליק טאָן אויף מײַן בלום
און האָט אין מיטן וועג
אַ פֿרעג געטאָן:
– עס געהערט צו דיר?
– ניין – געענטפֿערט האָט מײַן שוויַיגן –
איך געהער צו איר.

○

דאָס לעבן געדויערט
אַ פּינטל מיטן אויג.
עס געדויערט
אויך אַן אייביקייט,
נאָר ביידע מאָסן
האָבן ניט קיין מאָס.
אַז מיר'ן זיך באַגעגענען
איבער נאַכט,
וועסטו מיר אויסזאָגן
פֿאַר וואָס.

**צוויי לידער מיט משה נאַדיר**

– – און שוין האָט דער עלעגאַנטער עלנט מיר אָנגעבאָטן זײַן אָרעם צום שפּאַציר.

**משה נאַדיר**

*א*

און איך האָב זיך ניט אַנטקעגנגעשטעלט,
מײַן אָרעם אויסגעשטרעקט,
מײַן אָטעם אײַנגעהאַלטן
און אויף די שפּיצן פֿינגער אַוועק,
ווי פֿון לבֿנה פֿאַרשיכּורט.
און איך בין געווען צופֿרידן,
אַז אַזוי האָט פּאַסירט,
אַוועקצוגיין מיט אַזאַ געהויבענעם גאַסט
דורך וועגן וואָס קיינער ווייס ניט
זייער אָנהייב.
דעמאָלט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט,
איבערקלערן אַזאַ פֿאַרבעט.
דער נצח־גאַסט האָט אָבער
מיר אַרײַנגעקוקט אין בלוט
און געזאָגט:
האָסט קיין ברירה ניט,
ס'איז שפּעט...

ב

טרינקען אַ Cointreaux מיט משה נאַדיר
איז אַ לוקסוס און אַ פֿאַרדראָס.
צײַטן מײַדן זיך אויס,
לאָזן איבער אַ בלויען שטעג אין דער לופֿט.
גיי, כאַפּ דעם ווינט!
ס'איז שפּעט
און מיר וועלן זיך קיין מאָל ניט טרעפֿן.
בלויז אין אַ ״שורה״,
וואָס לעבט
מיט מײַן אָטעם
און מיט דײַנע קאָלירן.



כ׳האָב אַ בריוו באַקומען פֿון פֿאַרצײַטן,
וואָס איז אָפּגעלעגן אפֿשר הונדערט יאָר,
נאָר דעם אינהאַלט ניט געקענט פֿאַרבײַטן,
וואָרט אין וואָרט און דײַטלעך, קלאָר.

שרײַבט עס עמעצער, אים טוט פֿאַרדריסן,
הלמאַי ער ווייס ניט ווו איך בין:
טאָג און נאַכט אים מאַטערט זײַן געוויסן,
פֿאַר וואָס ער ווייס ניט ווו איך בין.

לייען איך אין בריוו וואָס פֿון פֿאַרצײַטן
און איך ווייס ניט ווער האָט עס פֿאַרגרייט.
האָט מיר אויסגעזאָגט אַ פּאָטשטאַליאָן וואָס ווייס די צײַטן,
אַז דער עמעצער איז לאַנג שוין טויט.

דאַרף איך אויסוואַרטן געדולדיק
אַ יאָרהונדערט זאָל פֿאַרגיין,
וועט ניט זײַן מער קיינער שולדיק.
דאָס געוויסן – ריין.

כ׳האָב אַ בריוו באַקומען פֿון פֿאַרצײַטן.



כ'האָב געזען אין אַ בוים פֿרילינג מיט האַרבסט אין איינעם,
לעבן און טויט אויפֿן זעלביקן צווײַג.
מען זעט ניט בײַ קיינעם
דעם סוף מיטן אָנהייב אין אַזאַ מין געשווײַג.

מײַן בליק איז פֿאַרבליבן אין בוים, אין דערציילער.
געלייענט זײַן פּנים פֿון דאָ און ניט־הי.
אַפֿילו די זון ניט געקענט האָט פֿאַרהיילן
די טאָפּעלע ווונד פֿון פֿאַרגיין און פֿון בלי.

○

אַ דאָרשטיקער בוים טרינקט אַליין
מיט זיך
און ס'איז קיינער ניטאָ
ער זאָל טרינקען מיט אים.

עס טרעפֿט אַז אַ פֿויגל
דערהערט ווי עס מורמלען די טראָפּעלעך וואַסער
צו וואָרצלען,
דערהערט און דערפֿליט
צו מײַן שויב.

קום, זעץ זיך מיט מיר,
לאָמיר טרינקען אין צווייען,
כ'וויל הערן דײַן ליד צו אַ פֿרילינג
וואָס קאָן נאָך דערפֿרייען.



מיר קוקן זיך אָן,
די בלעטער און איך.
עס ווערן גרין מײַנע בליקן.
אויך אַ טרער ווערט גרין.
אַ צווײַגל, דינער פֿון דיך,
זעט ווי מיר קוקן זיך אָן
און שווײַגן.
עמעצער קען דאָ פֿאַרבײַגיין
און מיינען אַז איך בין פֿון זינען אַראָפּ,
וואָס איך נעם זיך אַרום
מיט בלעטער
און צווײַגן.

○

עד מתי לא נפגש

*עומר רבין*

און עס האָט אין מיר אַ פֿײַער אָנגעצונדן
דײַן ניט־ווערן.
און אין דעם פֿײַער האָבן זיך פֿאַרלאָשן
גאָר די שטערן.
עס האָבן הימלען, ווי אַ פֿײַער־שפּײַענדיקער באַרג
געטאָן זיך אויף מײַן האַרץ אַן עפֿן.
דו זאָג מיר אויס, דו זאָג מיר,
פֿון דאָרטן ווו דער אמת אײביקט,
ביז וואַנען וועלן מיר זיך מער ניט טרעפֿן?



וואָס טוט אַ פֿויגל
ווען זײַן נאָ'נטער
שטאַרבט?
צי ברענגען
אים אַ טרייסט
די האָריזאָנטן?
ווען אַ פֿויגל
בלײַבט אַליין,
צי קאָן ער וויינען?
אפֿשר רײַסט ער
פֿעדערלעך זיך אויס,
ווי מען רײַסט זיך קריעה
און אַן אומבאַהאָלפֿענער
זינגט ער
צו דער שקיעה?



איך האָב קינדער געלערנט
לייענען און שרײַבן,
פֿרעגן און קלערן.
איצט לערן איך  ז י ך
שווײַגנדיק הערן
די טריט פֿון ניט־ווערן.

**זומער**

אַ פֿײַער האָט אָנגעצונדן די נאַכט
און דער ים איז אַרויס פֿון די ברעגן –
ניט געקענט פֿאַרלעשן.
ווײַט איז דער הימל געווען.

האָב איך פֿאַרבעטן טונקעלע עפּלסעדער
מיט זאַפֿטיקע ריחות פֿון פּרות
וואָס קילן.

דאָס פֿײַער האָט שיִער ניט דערגרייכט
צום עפּלסאָד
און איך האָב געוווּסט:
טאָמער צינדן דיביימער זיך אָן,
איז אויס מיט דער וועלט!

האָב איך מיט אַ לעצטן וואַסער־טראָפּן
די אויגן פֿאַרשטעלט.



אַז איך וועל אַנטפּלעקן אַ נאַקעטן
גײַסט, וועל איך קוקן זייער לאַנג...
*מאַלאַרמע*

ווי איינער
וואָס גייט איבער תהומען,
גיי איך אַדורך אַ טאָג
און פֿאַל כסדר אין תהום.
צעממיתט, צעבײַלט,
קער איך זיך אום צו דער שטריק
איבער תהומען,
ווײַטער צו גיין
ווי יענער זשאָנגליאָר,
ביז טויט,
אַליין.

## אַ יונג בילד פֿון אַ מאָלער

מען מיינט
אַז ס'איז גרינג
אָנמאָלן, צי אָנשרײַבן
אַן אײזעלע, קליין,
וואָס גייט זיך פֿאַרטראַכט
אין וועג אַליין,
באַלאָדן מיט לאַסט
גרעסער פֿון אים.
זײַן אומעטיק אויג
איז אַ שווײַגיקע טרער.

מען מיינט אַז ס'איז גרינג
שרײַבן, צי מאָלן
אַן אײזעלע גראָ,
וואָס פֿאַרגייט אין אַ כליפּ
צום הימלבלאָ,
צווײַגיק באַלאָדן,
מיט פֿאַרעקשנטן טראָט,
אַן אײזעלע קליין
אויף גאָטס באַראָט.

צי איז עס אַזוי
פשוט און סתם?
אַ קאָליר אויפֿן לײַוונט,
לענג־אויס פֿונעם ים,
זאָל פלוצעם זיך יאַווען
אַן אײַזעלע שטיל
און שפּאַנען אין ערגעץ
פֿאָרויס, ווי פֿאַרטראַכט.

עס איז גאָרניט אמת,
אַז מען קאָן וואָס מען וויל –

די זון פֿאַרגייט
און עס ווערט אײביק נאַכט.

### יונגע מאָלערס

דער לײַוונט, קוים וואָס ער האַלט אויס
זייער שפּרונג
איבער דער גרענעץ
און אויסער דער שעה.

מיט דיר פּאַר אַ האַנט
טויך איך אַראָפּ צום קאָליריקן דנאָ
פֿון דײַן לעבן.

די יונגע מאָלערס ווילן ניט געבן
קיין טראָפּן קאָליר
דער אייביקייט.
בלויז אַרײַנשטעכן אין איר
יונגע פֿײַלן, שאַרף און אומגעדולדיק.

איך פֿאַרבײַס מיט ביטער־
שאָקאָלאַד
און קלער:
וואָס זענען שולדיק
די גרין־רויִקעביימער?



ווער קוקט עס אויף מיר
און זאָגט מיר ניט אויס
ווער ער איז?
ווענט האָבן אויערן,
אויגן,
הערן זיך איַין
און קענען דעם סוד ניט דערגיין.

ווער קוקט עס אויף מיר
ווי מיט יאָרן צוריק,
איך דערקען ניט דאָס פּנים,
דערקען ניט דעם בליק.
בלויז אַן איינציקער סימן
איז געבליבן פֿאַרהיט,
ווו דערקענט האָב איך
ז י ך:
אין מײַן ליד.



פֿאַר שלום בערגער

וואָס זשע זאָגן בלעטער?
פֿרעג דעם רעגן
ווען די קרעלן זײַנע
צירן אויס אַ בלאַט.
פֿרעג דעם ווינט,
וואָס צעשויבערט די מחשבֿות
פֿון די בלעטער.
פֿרעג דעם פֿרעגער
וו אָ ס  די בלעטער שווײַגן.

אין דעם ווײַט־און־ווײַטן שפּעטער,
לאַנג נאָך דער געזעגענונג מיט בלעטער,
וועלן קנאָספּן
זינגען אויף די צווײַגן.



אין גרינעם דרויסן
שײַנט אויף דײַן פּליגלהאַנט,
וואָס האָט באַרירט דעם דאַך
און זיך געזעגנט.

פֿון דעמאָלט אָן
איז ווינטער אויף מײַן ערד
און עס רעגנט.



לאָמיר זיך עלטערן בכּבֿוד,
לאָמיר ניט פֿאַרשעמען
די יונגע טעג,
איינער דעם צווייטן.
לאָמיר זיך גרייטן
געדולדיק און פֿרײַ,
אפֿשר וועט
אונדזער יונגע פֿרייד
אויף דאָס נײַ
נאָך אַ מאָל בליִען.

## אַ גערוס

צו וואָס דאַרף איך פֿאָרן?
די וועלט קומט צו מיר
מיט פֿליגל־מחשבֿות,
מיט צער און געוויין,
מיט אַ שליסל צו אַ ברענענדיקער טיר.
בײַ מײַן הילצערנעם טיש
פֿילט זיך די וועלט אין דער היים.
איך לייען זי אויסנווייניק,
בלאַט נאָך בלאַט,
מעסט אָן אירע קליידער,
געדענק אירע חגאָות פֿאַרוויקלט אין שניי,
געדענק אירע מעסערס,
וואָס טוען נאָך וויי,
געדענק אירע פֿרילינגען
מיט בלוטיקן בלי –
צו וואָס דאַרף איך פֿאָרן?
די וועלט קומט צו מיר
יעדן טאָג,
אין דער פֿרי.



וואָס דערציילט אַ בלויע שיסל
און אַ גרינע גלאָז פֿון ווײַן?
אפֿשר וויל איך גאָר ניט וויסן
וואָס זיי גיסן מיר אַרײַן.

זאָל איך טרינקען און פֿאַרטרינקען
פֿון דער גלאָז ביז גרינעם דנאָ?
זאָל איך ווי אַ תּפֿילה זינגען
וואָס געווען און וואָס ניטאָ?

פֿרעגן וועל איך בײַ דער שיסל,
בײַ דער פּוסטער גלאָז וואָס גרינט
און וועל ווײסנדיק ניִט וויסן
וווּאַהין די צײַט פֿאַרשווינדט.



זײַ ווי דער בוים פֿאַרוואָרצלט אין זיך
און לאָז פֿאַר די פֿייגל אַן אָרט אויף די צווײַגן,
מיט שווײַגיקע בלעטער די שעהען פֿאַרריכט
און זאָל דער פּחד פֿאַרבײַגיין.

זײַ ווי דער בוים מיט הימל און ערד,
צו ביידע פֿאַרטרוי דײַנע בלעטער.
צום הימל – ווו אייביק די זון איז באַשערט,
צו ערד – ווו פֿאַרגרייט איז דײַן שפּעטער.

**אַן ענטפֿער**

– נו, ווי איז דאָס בוך?
– ס'איז ענלעך צו דיר,
איידל און שטיל,
אמתדיק ווי דײַנע קאָליריקע ווערטער,
ס'איז ענלעך צו דיר אַליין.
אויפֿן האַרצן פֿון בוך
ליגט אַ שטיין.

### אַ בוים רעדט

אָטעם אײַן מײַן שטילקייט,
אָטעם אײַן די שטורעמס
וואָס נאָך זיי פֿאַרבלײַבט
אַ שטילקייט.

אָטעם אײַן קאָלירן פֿון געדולד
וואָס בליִען פֿון מײַן האַרץ אַרויס,
אָטעם אײַן מײַן גרייטקייט
צו דעם האַרבסט,
וואָס פֿאַרבט מיר איבער מײַנע בלעטער.

אָטעם אײַן מײַן בטחון,
אַז אַלץ וועט שפּעטער
ווידער בליִען.

## אַ הונט

געשטאָרבן איז דער בעל־הבית.
זײַן הונט האָט אים ניט אויפֿגעהערט זוכן.
אַרומגעלאָפֿן טאָג און נאַכט,
ניט אויפֿגעהערט אים זוכן.

גיי דערקלער דעם הונט,
אַז קיינער קומט ניט מער צוריק!

פֿאַרזונקען בין איך
אין אומעט פֿון זײַן בליק.

## אין אַ היץ

אין דער גרעסטער היץ, אַ פֿײַער,
זוך איך קילקייט ערגעץ ווו,
וואָס זאָל מיך פֿון זיך באַפֿרײַען,
פֿון דער אומרויִקער רו.

ציִען אָנגעהיצטע רעדער
איבער פֿלאַמיקן אַספֿאַלט,
יאָג איך אין צעבליטע סעדער
און אין שאָטן זיך באַהאַלט.

גאָט – אין עפּלצווײַגן רײַפֿע,
קיינער זעט ניט וואָס ער טוט.
אין דער היץ, ניט צו באַגרײַפֿן
זײַן כּוונה – שלעכט צי גוט.

ווי אַזוי בין איך אַנטרונען
אין דעם קילן עפּלסאָד?
נאָר די היץ האָט מיך געפֿונען
און געלאָזט אויף גאָטס באַראָט.

## אָוונט אין גאָרטן

איןביימער איז אַרײַן די רו,
ניטאָ קיין ווינט אין צווײַגן.
דער טאָג באַגעגנט שטיל די נאַכט
און בלעטער שווײַגן.

עס נעמט צונויף די זון איר ליכט,
פֿאַרשווינדט, זיך ניט געזעגנט.
אַ שמייכל פֿון אַ קינד פֿאַרריכט
דעם אומעט וואָס אַנטקעגן.

ס'איז אָוונט־שעה, אַ לעצטער בליק
אין פֿאַרב וואָס גייט פֿאַרלאָרן
און אַלץ ווערט טונקל אויף צוריק,
ווי איידער ס'ווערט געבאָרן.



די זעלבע צוויטן וואָס שײַנען ווי די זון,
וואַלגערן זיך אין גאַס, ניט צו דערקענען.
עס איז די צײַט וואָס ווערט ניט זאַט
אונדז איינציקווײַז פֿאַרברענען.

אַ קרוין אַזאַ צעלויכטענע אין בוים!
זע, פֿאַרבײַגייער, און בלײַב אַ ווײַלע שטיין.
אַזוי זעט אויס אַן אויסגעטרוימטער טרוים,
אַ פּינטל מיטן אויג און ניט געווען.

די זעלבע צוויטן, וואָס שײַנען ווי די זון,
וואַלגערן זיך, ווי קיין מאָל ניט געבליט.
עס איז די צײַט וואָס ווערט ניט זאַט דערפֿון
און קיינער ווייס ניט וואָהין זי נעמט אונדז מיט.

O

אין דרויסן עס איך מיט אַ טײַבעלע צוזאַמען,
אין שטוב – אַליין.
עס קומען פֿייגעלעך, ווי צו אַ מאַמען,
זיך טיילן מיטן ביסן, אַזוי קומען זיי צו גיין.

אַ מאָלצײַט מיט אַ טויב אין איינעם
ווערט אַ יום־טובֿדיקער טיש,
ווּ ס'פֿעלט קיין כּיבוד ניט פֿאַר קיינעם
און אַלץ איז בלעטערדיק און פֿריש.

אַ חידוש נאָר, וואָס קיינער האָט ניט מורא –
ניט זיי פֿאַר מיר, ניט איך פֿאַר זיי.
פֿאַראַן, ווײַזט אויס, אַן אַנדער תּורה,
מיט אַנדערע געזעצן. גיי פֿאַרשטיי!

אַ שפּירונג אַ געהיימע, וואָס מען זעט ניט,
וואָס נעמט אַרום דעם חושך און די שײַן;
אַן אַנדער שפּירונג, אַ פֿאַראַניקע, וואָס רעדט ניט,
וואָס ווערט מיט יעדערן אַ שותּף צו דעם זײַן.

אַ מענטש, אַ טויב, אַ בוים מיט צווײַגן,
וואָס ווייסן פֿון קיין שלעכטס ניט, נאָר –
זיי קומען זיך צונויף צו שווײַגן
אין אומעט פֿון אַ וואָר.

## שטיללעבן

צוויי בלומען אין אַ גלאָז
לעבן לענגער ווי איין בלום אין אַ גלאָז.
דער צוזאַמען
העלפֿט זיי אויסהאַלטן די בענקשאַפֿט
צום גאָרטן.

צוויי בלומען אין אַ גלאָז.
אין אָוונט זע איך זיי נענטער
איינע צו דער צווייטער.
זיי טוען עס אין אָוונט מן־הסתם,
די וועלט זאָל זיי אַזוי
ניט ווײ טאָן.

## ערשטער רעגן

די פֿאַרוועלקטע צווײַגן
זענען ווידער גרין.
דער ערשטער רעגן
האָט זיי אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף.
אין זיי איז תּמיד אָנהייב.
אין מיר –
סוף.



איך זוך אין דיר אַ באַהעלטעניש
און דו אַליין ביסט באַהאַלטן.
זע ווי די שרעקלעכע נאַכט
קומט די נשמה צעשפּאַלטן.

איך זוך אין דיר צו אַנטרינען
און דו אַליין ביסט ניטאָ.
איך זוך אין דיר צו געפֿינען
אין רו אַ פֿאַרהיילטע שעה.

○

ווײַסע איריסן,
ווי שבת־ליכט.

קײן אײנציקע תּפֿילה
איז ניט דערהערט געוואָרן,
בלײַען זײ, די ווײַסע איריסן,
און זאָגן קדיש.
אַ בלײַיקער זכּרון.

**אריה שמרי**

עס פֿאַלט דאָס ליד אַליין אין האַנט אַרײַן
און בעט זיך: לייען!
עס שטראַלט דײַן ליד אַליין אין לאַנד אַרײַן
מיט דײַן פֿאַרזייען.

צעוואַקסן איז די שטילקייט אין די ווערטער דײַנע,
וואָס וואַרטן זיך אַליין אין וועלט צעשיקן
און ס'טראָגט אַיעדער וואָרט דעם חלום דײַנעם –
פֿאַר מענטש און וועלט אַ תּיקון.



**פֿאַר לוטשיאַ און אַלכּסנדר שפּיגלבלאַט**

דאָס אייניקל וואָס איז נאָר וואָס געבוירן געוואָרן
אין תּל־אביב
האָט מיר געהאָלפֿן ניט אויסגיין פֿון צער
צווישן דניעסטער און בוג.
דאָס פּיצל, נאָר וואָס געבוירן אין תּל־אביב,
האָט אין זײַן ערשטן געשריי
געוויינט צו דער באָבען
צווישן דניעסטער און בוג.
און אַז גאָט איז אַנטרונען
און מענטש איז געבליבן *על תּנאַי*,
האָט מען געפֿונען אין עלנטן שניי
דערשאָסענע צוויי,
אַ מיידעלע קליין מיט איר טאַטן.
יענעם שניי וועט דער פֿרילינג
מער קיין מאָל ניט גלעטן.

דאָס אייניקל נאָר וואָס געבוירן אין תּל־אביב
האָט מיר געהאָלפֿן אויסהאַלטן
די בלוטיקע שפּורן
צווישן דניעסטער און בוג.



צו שרײַבן אַ ליד
דאַרף איך דײַן האַנט,
וואָס איז אויסגעפֿורעמט
אין אײדעלע קאָנטורן פֿון אַ פֿידל
אויף אַ פֿירעק פֿון קאַרטאָן –
און אויף דעם,
דײַן האַנט.
מיט אײדעלן באַריר,
וואָס אײביקט ווי דער ווינט,
פֿאַרשרײַב איך דעם *ניטאָ*
פֿון אונדזער זײַן
אין נאָר־וואָס ליכטיקייט פֿון טאָג,
אין קוים־קוים שײַן.



דער זונזייגער
איז געבליבן שטיין.
פֿאַר וואָס איז די זון מער נישטאָ?

אויפֿן בלינדן ציפֿערבלאַט
האָט אַ קלוגע סאָווע
אויסגעשוויגן
די דרײַצנטע שעה.

# א י נ ה א ל ט

# א י נ ה א ל ט



דער זונזייגער
איז געבליבן שטיין.
פֿאַר וואָס איז די זון מער נישטאָ?

אויפֿן בלינדן ציפֿערבלאַט
האָט אַ קלוגע סאָווע
אויסגעשוויגן
די דרײַצנטע שעה.



צו שרײַבן אַ ליד
דאַרף איך דײַן האַנט,
וואָס איז אויסגעפֿורעמט
אין אײדעלע קאָנטורן פֿון אַ פֿידל
אויף אַ פֿירעק פֿון קאַרטאָן –
און אויף דעם,
דײַן האַנט.
מיט אײדעלן באַריר,
וואָס אײביקט ווי דער ווינט,
פֿאַרשרײַב איך דעם *ניטא*
פֿון אונדזער זײַן
אין נאָר־וואָס ליכטיקייט פֿון טאָג,
אין קוים־קוים שײַן.



פֿאַר לוטשיאַ און אַלכּסנדר שפּיגלבלאַט

דאָס אײניקל וואָס איז נאָר וואָס געבוירן געוואָרן
אין תּל־אבֿיב
האָט מיר געהאָלפֿן ניט אויסגײן פֿון צער
צווישן דניעסטער און בוג.
דאָס פּיצל, נאָר וואָס געבוירן אין תּל־אבֿיב,
האָט אין זײַן ערשטן געשריי
געוויינט צו דער באָבען
צווישן דניעסטער און בוג.
און אַז גאָט איז אַנטרונען
און מענטש איז געבליבן *על תּנאַי*,
האָט מען געפֿונען אין עלנטן שניי
דערשאָסענע צוויי,
אַ מיידעלע קליין מיט איר טאַטן.
יענעם שניי וועט דער פֿרילינג
מער קיין מאָל ניט גלעטן.

דאָס אײניקל נאָר וואָס געבוירן אין תּל־אבֿיב
האָט מיר געהאָלפֿן אויסהאַלטן
די בלוטיקע שפּורן
צווישן דניעסטער און בוג.

**אריה שמרי**

עס פֿאַלט דאָס ליד אַליין אין האַנט אַרײַן
און בעט זיך: לייען!
עס שטראַלט דײַן ליד אַליין אין לאַנד אַרײַן
מיט דײַן פֿאַרזייען.

צעוואַקסן איז די שטילקייט אין די ווערטער דײַנע,
וואָס וואַרטן זיך אַליין אין וועלט צעשיקן
און ס'טראָגט אַיעדער וואָרט דעם חלום דײַנעם –
פֿאַר מענטש און וועלט אַ תּיקון.

○

ווײַסע איריסן,
ווי שבת־ליכט.

קיין איינציקע תּפֿילה
איז ניט דערהערט געוואָרן,
בליִען זיי, די ווײַסע איריסן,
און זאָגן קדיש.
אַ בלייִקער זכּרון.



איך זוך אין דיר אַ באַהעלטעניש
און דו אַליין ביסט באַהאַלטן.
זע ווי די שרעקלעכע נאַכט
קומט די נשמה צעשפּאַלטן.

איך זוך אין דיר צו אַנטרינען
און דו אַליין ביסט ניטאָ.
איך זוך אין דיר צו געפֿינען
אין רו אַ פֿאַרהיילטע שעה.

## ערשטער רעגן

די פֿאַרוועלקטע צווײַגן
זענען ווידער גרין.
דער ערשטער רעגן
האָט זיי אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף.
אין זיי איז תּמיד אָנהייב.
אין מיר –
סוף.

## שטיללעבן

צוויי בלומען אין אַ גלאָז
לעבן לענגער ווי איין בלום אין אַ גלאָז.
דער צוזאַמען
העלפֿט זיי אויסהאַלטן די בענקשאַפֿט
צום גאָרטן.

צוויי בלומען אין אַ גלאָז.
אין אָוונט זע איך זיי נענטער
איינע צו דער צווייטער.
זיי טוען עס אין אָוונט מן־הסתם,
די וועלט זאָל זיי אַזוי
ניט ווײ טאָן.

o

אין דרויסן עס איך מיט אַ טײַבעלע צוזאַמען,
אין שטוב – אַליין.
עס קומען פֿייגעלעך, ווי צו אַ מאַמען,
זיך טיילן מיטן ביסן, אַזוי קומען זיי צו גיין.

אַ מאָלצײַט מיט אַ טויב אין איינעם
ווערט אַ יום־טובֿדיקער טיש,
ווו ס'פֿעלט קיין כּיבוד ניט פֿאַר קיינעם
און אַלץ איז בלעטערדיק און פֿריש.

אַ חידוש נאָר, וואָס קיינער האָט ניט מורא –
ניט זיי פֿאַר מיר, ניט איך פֿאַר זיי.
פֿאַראַן, ווײַזט אויס, אַן אַנדער תּורה,
מיט אַנדערע געזעצן. גיי פֿאַרשטיי!

אַ שפּירונג אַ געהיימע, וואָס מען זעט ניט,
וואָס נעמט אַרום דעם חושך און די שײַן;
אַן אַנדער שפּירונג, אַ פֿאַראַניקע, וואָס רעדט ניט,
וואָס ווערט מיט יעדערן אַ שותּף צו דעם זײַן.

אַ מענטש, אַ טויב, אַ בוים מיט צווײַגן,
וואָס ווייסן פֿון קיין שלעכטס ניט, נאָר –
זיי קומען זיך צונויף צו שווײַגן
אין אומעט פֿון אַ וואָר.



די זעלבע צוויטן וואָס שײַנען ווי די זון,
וואַלגערן זיך אין גאַס, ניט צו דערקענען.
עס איז די צײַט וואָס ווערט ניט זאַט
אונדז אײנציקווײַז פֿאַרברענען.

אַ קרוין אַזאַ צעלויכטענע אין בוים!
זע, פֿאַרבײַגייער, און בלײַב אַ ווײַלע שטיין.
אַזוי זעט אויס אַן אויסגעטרוימטער טרוים,
אַ פֿינטל מיטן אויג און ניט געווען.

די זעלבע צוויטן, וואָס שײַנען ווי די זון,
וואַלגערן זיך, ווי קיין מאָל ניט געבליט.
עס איז די צײַט וואָס ווערט ניט זאַט דערפֿון
און קיינער ווייס ניט וואַהין זי נעמט אונדז מיט.

## אָוונט אין גאָרטן

איןביימער איז אַרײַן די רו,
ניטאָ קיין ווינט אין צווײַגן.
דער טאָג באַגעגנט שטיל די נאַכט
און בלעטער שווײַגן.

עס נעמט צונויף די זון איר ליכט,
פֿאַרשווינדט, זיך ניט געזעגנט.
אַ שמייכל פֿון אַ קינד פֿאַרריכט
דעם אומעט וואָס אַנטקעגן.

ס'איז אָוונט־שעה, אַ לעצטער בליק
אין פֿאַרב וואָס גייט פֿאַרלאָרן
און אַלץ ווערט טונקל אויף צוריק,
ווי איידער ס'ווערט געבאָרן.

## אין אַ היץ

אין דער גרעסטער היץ, אַ פֿײַער,
זוך איך קילקייט ערגעץ ווו,
וואָס זאָל מיך פֿון זיך באַפֿרײַען,
פֿון דער אומרויִקער רו.

ציִען אָנגעהיצטע רעדער
איבער פֿלאַמיקן אַספֿאַלט,
יאָג איך אין צעבליטע סעדער
און אין שאָטן זיך באַהאַלט.

גאָט – אין עפּלצווײַגן רײַפֿע,
קיינער זעט ניט וואָס ער טוט.
אין דער היץ, ניט צו באַגרײַפֿן
זײַן כּוונה – שלעכט צי גוט.

ווי אַזוי בין איך אַנטרונען
אין דעם קילן עפּלסאָד?
נאָר די היץ האָט מיך געפֿונען
און געלאָזט אויף גאָטס באַראָט.

## אַ הונט

געשטאָרבן איז דער בעל־הבית.
זײַן הונט האָט אים ניט אויפֿגעהערט זוכן.
אַרומגעלאָפֿן טאָג און נאַכט,
ניט אויפֿגעהערט אים זוכן.

גיי דערקלער דעם הונט,
אַז קיינער קומט ניט מער צוריק!

פֿאַרזונקען בין איך
אין אומעט פֿון זײַן בליק.

**אַ בוים רעדט**

אָטעם אײַן מײַן שטילקייט,
אָטעם אײַן די שטורעמס
וואָס נאָך זיי פֿאַרבלײַבט
אַ שטילקייט.

אָטעם אײַן קאָלירן פֿון געדולד
וואָס בליִען פֿון מײַן האַרץ אַרויס,
אָטעם אײַן מײַן גרייטקייט
צו דעם האַרבסט,
וואָס פֿאַרבט מיר איבער מײַנע בלעטער.

אָטעם אײַן מײַן בטחון,
אַז אַלץ וועט שפּעטער
ווידער בליִען.

**אַן ענטפֿער**

– נו, ווי איז דאָס בוך?
– ס'איז ענלעך צו דיר,
איידל און שטיל,
אמתדיק ווי דײַנע קאָליריקע ווערטער,
ס'איז ענלעך צו דיר אַליין.
אויפֿן האַרצן פֿון בוך
ליגט אַ שטיין.



זײַ װי דער בױם פֿאַרװאָרצלט אין זיך
און לאָז פֿאַר די פֿײגל אַן אָרט אױף די צװײַגן,
מיט שװײַגיקע בלעטער די שעהען פֿאַרריכט
און זאָל דער פּחד פֿאַרבײַגײן.

זײַ װי דער בױם מיט הימל און ערד,
צו בײדע פֿאַרטרױ דײַנע בלעטער.
צום הימל – װוּ אײביק די זון איז באַשערט,
צו ערד – װוּ פֿאַרגרײט איז דײַן שפּעטער.



וואָס דערציילט אַ בלויע שיסל
און אַ גרינע גלאָז פֿון וויַין?
אפֿשר וויל איך גאָר ניט וויסן
וואָס זיי גיסן מיר אַריַין.

זאָל איך טרינקען און פֿאַרטרינקען
פֿון דער גלאָז ביז גרינעם דנאָ?
זאָל איך ווי אַ תּפֿילה זינגען
וואָס געווען און וואָס ניטאָ?

פֿרעגן וועל איך ביַי דער שיסל,
ביַי דער פּוסטער גלאָז וואָס גרינט
און וועל וויסנדיק ניִט וויסן
וווּאַהין די ציַיט פֿאַרשווינדט.

### אַ גערוס

צו וואָס דאַרף איך פֿאָרן?
די וועלט קומט צו מיר
מיט פֿליגל־מחשבֿות,
מיט צער און געוויין,
מיט אַ שליסל צו אַ ברענענדיקער טיר.
בײַ מײַן הילצערנעם טיש
פֿילט זיך די וועלט אין דער היים.
איך לייען זי אויסנווייניק,
בלאַט נאָך בלאַט,
מעסט אָן אירע קליידער,
געדענק אירע חגאָות פֿאַרוויקלט אין שניי,
געדענק אירע מעסערס,
וואָס טוען נאָך וויי,
געדענק אירע פֿרילינגען
מיט בלוטיקן בלי –
צו וואָס דאַרף איך פֿאָרן?
די וועלט קומט צו מיר
יעדן טאָג,
אין דער פֿרי.



לאָמיר זיך עלטערן בכּבֿוד,
לאָמיר ניט פֿאַרשעמען
די יונגע טעג,
איינער דעם צווייטן.
לאָמיר זיך גרייטן
געדולדיק און פֿרײַ,
אפֿשר וועט
אונדזער יונגע פֿרייד
אויף דאָס נײַ
נאָך אַ מאָל בליִען.



אין גרינעם דרויסן
שײַנט אויף דײַן פֿליגלהאַנט,
וואָס האָט באַרירט דעם דאַך
און זיך געזעגנט.

פֿון דעמאָלט אָן
איז ווינטער אויף מײַן ערד
און עס רעגנט.



פּאַר שלום בערגער

וואָס זשע זאָגן בלעטער?
פֿרעג דעם רעגן
ווען די קרעלן זײַנע
צירן אויס אַ בלאַט.
פֿרעג דעם ווינט,
וואָס צעשויבערט די מחשבֿות
פֿון די בלעטער.
פֿרעג דעם פֿרעגער
וו אָ ס  די בלעטער שווײַגן.

אין דעם ווײַט־און־ווײַטן שפּעטער,
לאַנג נאָך דער געזעגענונג מיט בלעטער,
ווען קנאָספּן
זינגען אויף די צווײַגן.



ווער קוקט עס אויף מיר
און זאָגט מיר ניט אויס
ווער ער איז?
ווענט האָבן אויערן,
אויגן,
הערן זיך איַין
און קענען דעם סוד ניט דערגיין.

ווער קוקט עס אויף מיר
ווי מיט יאָרן צוריק,
איך דערקען ניט דאָס פּנים,
דערקען ניט דעם בליק.
בלויז אַן איינציקער סימן
איז געבליבן פֿאַרהיט,
ווו דערקענט האָב איך
ז י ך:
אין מײַן ליד.

**יונגע מאָלערס**

דער לײַוונט, קוים וואָס ער האַלט אויס
זייער שפּרונג
איבער דער גרענעץ
און אויסער דער שעה.

מיט דיר פּאַר אַ האַנט
טויך איך אַראָפּ צום קאָליריקן דנאָ
פֿון דײַן לעבן.

די יונגע מאָלערס ווילן ניט געבן
קיין טראָפּן קאָליר
דער אייביקייט.
בלויז אַרײַנשטעכן אין איר
יונגע פֿײַלן, שאַרף און אומגעדולדיק.

איך פֿאַרבײַס מיט ביטער־
שאָקאָלאַד
און קלער:
וואָס זענען שולדיק
די גרין־רויִקעביימער?

צי איז עס אַזוי
פּשוט און סתּם?
אַ קאָליר אויפֿן לײַוונט,
לענג־אויס פֿונעם ים,
זאָל פּלוצעם זיך יאַוועט
אַן אייזעלע שטיל
און שפּאַנען אין ערגעץ
פֿאָרויס, ווי פֿאַרטראַכט.

עס איז גאָרניט אמת,
אַז מען קאָן וואָס מען וויל –

די זון פֿאַרגייט
און עס ווערט אייביק נאַכט.

## אַ יונג בילד פֿון אַ מאָלער

מען מיינט
אַז ס'איז גרינג
אָנמאָלן, צי אָנשרײַבן
אַן אייזעלע, קליין,
וואָס גייט זיך פֿאַרטראַכט
אין וועג אַליין,
באַלאָדן מיט לאַסט
גרעסער פֿון אים.
זײַן אומעטיק אויג
איז אַ שווײַגיקע טרער.

מען מיינט אַז ס'איז גרינג
שרײַבן, צי מאָלן
אַן אייזעלע גראָ,
וואָס פֿאַרגייט אין אַ כליפּ
צום הימלבלאָ,
צווײַגיק באַלאָדן,
מיט פֿאַרעקשנטן טראָט,
אַן אייזעלע קליין
אויף גאָטס באַראָט.

○

אַז איך וועל אַנטפּלעקן אַ נאַקעטן
גײַסט, וועל איך קוקן זייער לאַנג...
*מאַלאַרמע*

ווי איינער
וואָס גייט איבער תּהומען,
גיי איך אַדורך אַ טאָג
און פֿאַל כּסדר אין תּהום.
צעממיתט, צעבײַלט,
קער איך זיך אום צו דער שטריק
איבער תּהומען,
ווײַטער צו גיין
ווי יענער זשאָנגליאָר,
ביז טויט,
אַליין.

**זומער**

אַ פֿײַער האָט אָנגעצונדן די נאַכט
און דער ים איז אַרויס פֿון די ברעגן –
ניט געקענט פֿאַרלעשן.
ווײַט איז דער הימל געווען.

האָב איך פֿאַרבעטן טונקעלע עפּלסעדער
מיט זאַפֿטיקע ריחות פֿון פּרות
וואָס קילן.

דאָס פֿײַער האָט שיִער ניט דערגרייכט
צום עפּלסאָד
און איך האָב געוווּסט:
טאָמער צינדן די ביימער זיך אָן,
איז אויס מיט דער וועלט!

האָב איך מיט אַ לעצטן וואַסער־טראָפּן
די אויגן פֿאַרשטעלט.



איך האָב קינדער געלערנט
לייענען און שרײַבן,
פֿרעגן און קלערן.
איצט לערן איך ז י ך
שווײַגנדיק הערן
די טריט פֿון ניט־ווערן.



וואָס טוט אַ פֿויגל
ווען זײַן נאָ'נטער
שטאַרבט?
צי ברענגען
אים אַ טרייסט
די האָריזאָנטן?
ווען אַ פֿויגל
בלײַבט אַליין,
צי קאָן ער וויינען?
אפֿשר רײַסט ער
פֿעדערלעך זיך אויס,
ווי מען רײַסט זיך קריעה
און אַן אומבאַהאָלפֿענער
זינגט ער
צו דער שקיעה?



עד מתי לא נפגש

*עוזר רבין*

און עס האָט אין מיר אַ פֿײַער אָנגעצונדן
דײַן ניט־ווערן.
און אין דעם פֿײַער האָבן זיך פֿאַרלאָשן
גאָר די שטערן.
עס האָבן הימלען, ווי אַ פֿײַער־שפּײַענדיקער באַרג
געטאָן זיך אויף מײַן האַרץ אַן עפֿן.
דו זאָג מיר אויס, דו זאָג מיר,
פֿון דאָרטן ווו דער אמת אייביקט,
ביז וואַנען וועלן מיר זיך מער ניט טרעפֿן?



מיר קוקן זיך אָן,
די בלעטער און איך.
עס ווערן גרין מײַנע בליקן.
אויך אַ טרער ווערט גרין.
אַ צווײַגל, דינער פֿון דין,
זעט ווי מיר קוקן זיך אָן
און שווײַגן.
עמעצער קען דאָ פֿאַרבײַגיין
און מיינען אַז איך בין פֿון זינען אַראָפּ,
וואָס איך נעם זיך אַרום
מיט בלעטער
און צווײַגן.

○

אַ דאָרשטיקער בוים טרינקט אַליין
מיט זיך
און ס'איז קיינער ניטאָ
ער זאָל טרינקען מיט אים.

עס טרעפֿט אַז אַ פֿויגל
דערהערט ווי עס מורמלען די טראָפּעלעך וואַסער
צו וואָרצלען,
דערהערט און דערפֿליט
צו מײַן שויב.

קום, זעץ זיך מיט מיר,
לאָמיר טרינקען אין צווייען,
כ'וויל הערן דײַן ליד צו אַ פֿרילינג
וואָס קאָן נאָך דערפֿרייען.



כ׳האָב געזען אין אַ בוים פֿרילינג מיט האַרבסט אין איינעם,
לעבן און טויט אויפֿן זעלביקן צווײַג.
מען זעט ניט בײַ קיינעם
דעם סוף מיטן אָנהייב אין אַזאַ מין געשווײַג.

מײַן בליק איז פֿאַרבליבן אין בוים, אין דערציילער.
געלייענט זײַן פּנים פֿון דאָ און ניט־הי.
אַפֿילו די זון ניט געקענט האָט פֿאַרהיילן
די טאָפּעלע ווונד פֿון פֿאַרגיין און פֿון בלי.



כ'האָב אַ בריוו באַקומען פֿון פֿאַרצײַטן,
וואָס איז אָפּגעלעגן אפֿשר הונדערט יאָר,
נאָר דעם אינהאַלט ניט געקענט פֿאַרבײַטן,
וואָרט אין וואָרט און דײַטלעך, קלאָר.

שרײַבט עס עמעצער, אים טוט פֿאַרדריסן,
הלמאַי ער ווייס ניט ווו איך בין:
טאָג און נאַכט אים מאַטערט זײַן געוויסן,
פֿאַר וואָס ער ווייס ניט ווו איך בין.

לייען איך אין בריוו וואָס פֿון פֿאַרצײַטן
און איך ווייס ניט ווער האָט עס פֿאַרגרייט.
האָט מיר אויסגעזאָגט אַ פּאָטשטאַליאָן וואָס ווייס די צײַטן,
אַז דער עמעצער איז לאַנג שוין טויט.

דאַרף איך אויסוואַרטן געדולדיק
אַ יאָרהונדערט זאָל פֿאַרגיין,
וועט ניט זײַן מער קיינער שולדיק.
דאָס געוויסן – ריין.

כ'האָב אַ בריוו באַקומען פֿון פֿאַרצײַטן.

ב

טרינקען אַ Cointreaux מיט משה נאַדיר
איז אַ לוקסוס און אַ פֿאַרדראָס.
צײַטן מײַדן זיך אויס,
לאָזן איבער אַ בלויען שטעג אין דער לופֿט.
גיי, כאַפּ דעם ווינט!
ס'איז שפּעט
און מיר וועלן זיך קיין מאָל ניט טרעפֿן.
בלויז אין אַ, שורה,
וואָס לעבט
מיט מײַן אָטעם
און מיט דײַנע קאָלירן.

**צוויי לידער מיט משה נאַדיר**

– – און שוין האָט דער עלעגאַנטער עלנט מיר אָנגעבאָטן זײַן אָרעם צום שפּאַציר.

**משה נאַדיר**

*א*

און איך האָב זיך ניט אַנטקעגנגעשטעלט,
מײַן אָרעם אויסגעשטרעקט,
מײַן אָטעם אײַנגעהאַלטן
און אויף די שפּיצן פֿינגער אַוועק,
ווי פֿון לבֿנה פֿאַרשיכּורט.
און איך בין געווען צופֿרידן,
אַז אַזוי האָט פּאַסירט,
אַוועקצוגיין מיט אַזאַ געהויבענעם גאַסט
דורך וועגן וואָס קיינער ווייס ניט
זייער אָנהייב.
דעמאָלט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט,
איבערקלערן אַזאַ פֿאַרבעט.
דער נצח־גאַסט האָט אָבער
מיר אַרײַנגעקוקט אין בלוט
און געזאָגט:
האָסט קיין ברירה ניט,
ס'איז שפּעט...

○

דאָס לעבן געדויערט
אַ פינטל מיטן אויג.
עס געדויערט
אויך אַן אייביקייט,
נאָר ביידע מאָסן
האָבן ניט קיין מאָס.
אַז מיר'ן זיך באַגעגענען
איבער נאַכט,
וועסטו מיר אויסזאָגן
פֿאַר וואַס.

**רקפת**

אין גרויסן געטומל
פֿון מענטשן־כוואַליעס
האָט עמעצער זיך אָפּגעשטעלט,
אַ בליק טאָן אויף מײַן בלום
און האָט אין מיטן וועג
אַ פֿרעג געטאָן:
– עס געהערט צו דיר?
– ניין – געענטפֿערט האָט מײַן שווײַגן –
איך געהער צו איר.



איך וויין מיט דיר,
אַליין מיט דיר,
אין פֿרי מיט דיר,
ניט הי מיט דיר.
עס טרעפֿט –
איך לאַך מיט דיר
און וואַך מיט דיר
ביז – איך שרײַב מיט דיר
און בלײַב
מיט דיר.



דער רעגן איז ווידער געקומען,
דער רעגן, וואָס כ'האָב אַזוי ליב.
איך הער די נאַכטיקע קלאַנגען
פֿון רעגנטריט זינגיק באַגלייט,
איך הער אין נאַכטיקן רעגן
ווי לעבן פֿאַרגייט.

דער רעגן איז ווידער געקומען.



איך פֿיר מיטן רעגן אַ פֿלירט.
ער זאָגט מיר: געווען ביסטו שיין.
איך ענטפֿער: דו האָסט מיך פֿאַרפֿירט
און געלאָזט אַ באַרעגנטע גיין.

ער שווענקט מײַנע טרערן אַוועק
און זאָגט: לאָמיר גיין זאַלבע צווייט,
מיר גייען דעם זעלביקן וועג,
בלויז איינער פֿון אונדז פֿאַרגייט.

טראָפּנס טאַנצן אין קרײַז
און פֿאַרפֿלייצן דאָס פּנים, די הענט.
איך זאָג צו דעם רעגן: באַווײַז
צו פֿאַרלעשן דאָס פֿײַער וואָס ברענט.

אַ שטילקייט טריפֿט זינגיק אַרײַן
און רעגנדיק גלעט מײַנע הענט:
פֿאַרלעשן ווען איך וואָלט געקענט,
וואָלט קיין מאָל דאָס האַרץ ניט געברענט.



די נעכטיקע יאָרן
זענען אויסגעפּלאַסטערט
לענג־אויס דעם וועג,
לענג־אויס אַ גאַס.
איך גיי אַיעדן טאָג
אויף זייער שטומען קלאַנג,
אויף זייער שוויַיגיקער דערמאָנונג.
איך קאָן אין זיי ניט בלײַבן אויף אַ טראָט,
בלויז קלײַבן זייער שטילקייט,
ווי שוואַרצע יאַגדעס
אין אַ שעלמישן הוט
און געדענקען זייער זאַפּט –
זיס און גוט.



אונדזער אַלטינקער בוים
איז געוואָרן אַ מלאך.
ווערן אַ מלאך,
דאַרף מען אַדורכגיין אַ פֿײַער,
פֿאַרבלײַבן אָן בלעטער,
אָן זון און אָן היילונג,
ווערן אַ ווײַסע דערציילונג,
מיט פֿליגלהענט ווײַסע
צום הימל זיך ציִען,
ווי אַ תּפֿילה,
צום בליִען.

**היסטאָריע**

אַ פּיצל קינד באַקוקט מײַן קאָפּ אין גראָ.
אַ בוים וואָס האָט אַ מאָל דערציילט פֿון פֿרילינג
איז ניטאָ.
די פֿייגל האָבן שוין ניט יענעם רויטן דאַך,
ווו אין באַגינען האָבן זיי מיט אים פֿאַרבראַכט.

די גאַס האָט אומגעקערט איר פּנים אויף צוריק
און דאָרטן ווו געצויגן האָט אַ בריק,
שטײַגן מויערן צום הימל שטראָם און גלײַך
און אויסגעטריקנט איז דער בלויער טײַך.

אין יענער גאַס, בײַם סאַמע ווײַטסטן ראָג,
געווען אַ קראָם מיט פֿייגלקלאַנגען פֿון פֿאַרטאָג.
אַצינד איז ניט פֿאַראַן דאָרט מער קיין קלאַנג
און בלויז די זון איז פּונקט די זעלבע
אין פֿאַרגאַנג.



ווײַזט אויס אַז אַלץ
שטייט אויף אַן אָרט.
דער שטיין – דאָרטן,
די שוועל – דאָ.
דער שטיין איז ווינטיק ריין,
תמיד ווינטיק ריין.
די בלומען –
אין אײביקער פֿאַרב פֿון פֿאַרוועלק.
ניט צו באַנעמען,
ווי אין אַזאַ געטלעכן סדר
צעפֿאַלט זיך אַ וועלט.

○

די זון הייבט אָן גיין פֿון דער הייך.
און דערגייט צו דער נידער,
גאָר אַנדערש ווי עס הייבן זיך אָן
לידער.

די זון הייבט אָן מאָלן איר שײַן
אויף שפּיצן פֿון בלעטער,
דאָס ליד וויל צו די וואָרצלען דערגיין,
אויף שפּעטער.

די זון הייבט אָן גלעטן די ערד,
ביז עס טונקלט איר לײַב.
דאָס ליד הייבט זיך אָן מיט אַ טרער
און פֿאַרבלײַבט.



הער ווי די שטילקייט שרײַבט אַ ליד.
פֿאַרשרײַבט די שורות
אָן ווערטער,
בלויז שטילע פֿעדעם,
נאַכטיקע,
וואָס ציִען זיך
פֿון אָנהייב
ביזן סוף.

הער ווי די שטילקייט
וועקט דעם שלאָף,
ער זאָל הערן
וואָס זי האָט פֿאַרשריבן,
ווײַל אויסער זיי
איז קיינער ניט פֿאַרבליבן.
הער!

## אויף יענעם אָרט

װערטער רינען אויס
אויף יענעם אָרט,
בלויז די שטילקייט
האָט דאָס װאָרט.
װינטיק־נאַקעט,
שטייניק־קלאָר,

אויסגעטאָן פֿון צײַט און מי,
מיט אַ װאָלקן אין די האָר,
בלײַבט זי קיניגן,
נאָר זי.



איצט הייבט זיך אָן דאָס געוועט,
ווער וועמען וועט אָניאָגן,
ווער ווען – דעריאָגן
מיט אַ לעבעדיק אויער
אייגענע שורות דערהערן.
ווען דאָס ליכט דערגייט –
איז ניטאָ שוין קיין שטערן.

**אומרו**

דער ים
טוט אויך אַ שפּרונג
אין דער הייך
מיט שוים אויף די ליפּן.
דער ים
פּרוּווט אויך אַרויס פֿון די ברעגן,
פֿאַרפֿלייצן די וועלט, ווי אַ ים.
בלויז איך,
וואָס שטיי אים אַנטקעגן,
דערמאָן אים אַ ברעג און אַ צאַם,
וואָס ווערט אַ רגעלע אָפֿן,
אָן אַ ברעג, אָן אַ בריק,
ווי פֿון לעצטן שטערן אַנטלאָפֿן
און צום ערשטן
געקומען צוריק.



אין אונדזער שטוב,
די ציַיטוויַיליקע שטוב,
פֿאַרברענג איך מיט דער אייביקייט.
איך פֿאַרזע די אַלטקייט
פֿון די ווענט,
די אָפּגעשיילטע פֿאַרב,
און איך וואַקס אַריַין
אין יעדן ווינקל
מיט דיַינע פֿאַרבן,
וואָס דויערן.

איך בליַיב הענגען
אויף די פֿינגער־אָפּדרוקן
פֿון דיַין פּאַליטרע,
אויף דיַינע פֿאַרטעכער
מיט פֿלעקן ניט־באַפֿלעקטע.

אין אונדזער שטוב,
די ציַיטוויַיליקע שטוב,
פֿאַרברענג איך מיטן טויט
וואָס לעבט.

○

דעם גרעסטן כּישוף
טוט מען זיך אַליין:
די טויבן וואָס דו לאָזסט אַרויס
פֿון פּוסטע הענט,
דאָס פֿײַער וואָס דו שלינגסט אַרײַן
און ווערסט ניט פֿאַרברענט,
ווּ איז נאָך אַזאַ מין כּישוף פֿאַראַן?

אין אַ חמסיניקער גאַס,
וואָס מענטשן מײַדן זי אויס,
ביסטו די איינציקע
וואָס לאָזט פֿון פּוסטע הענט
אַ טויב אַרויס.



אַז די גרינקייט פֿון בוים
ווערט אויס און ניטאָ,
זינגט אַ פֿויגל אַן אומעטיק ליד
צום ניטאָ.

אַז די ליבשאַפֿט אונדזערע
ווערט פֿאַרשאָטן,
בענקט אויס דער בוים אַן אומעטיק ליד
צו דער ליבשאַפֿט.

אַז אַ ווײַס־ווײַסע טויב
פֿליט פֿאַרבײַ און ניטאָ,
בלײַבט אַ פֿאַסיקל הימלבלאָ אין די אויגן,
ווו די גרינקייט איז דאָ,
ווו די ליבשאַפֿט איז דאָ
און די טויב
וואָס פֿאַרפֿלויגן.



ווי אַזוי שטאַרבט מען
געזונטערהייט?
ווי אַ כוואַליע,
וואָס גייט אויס בײַם ברעג
און גייט ניט אַוועק,
ווי דער ווינט,
וואָס שלאָפֿט אײַן אין די בלעטער
און שפּעטער וועקט ער זיך ווידער?
ווי אַזוי שטאַרבט מען
געזונטערהייט
און מען בלײַבט
אין די לידער?



די פֿונקען וואָס פֿליִען פֿון דיר
זענען אַ ים מיט לידער.
זיי פֿליִען אַרויס פֿון פּאַפּיר
און ווערן אין אָטעם פֿאַרגלידערט.

אַ פֿונק האָט געצונדן די נאַכט
און ניט געקענט זיך פֿאַרלעשן.
די דרײַצנטע שעה האָט געוואַכט
אין איבערגעקערטע מעת־לעתן

און בלויז דאָס ליד, ווי פֿאַרוועבט
אין שפּליטערל צײַט וואָס געגעבן,
און בלויז מיטן ליד האָט געלעבט
דאָס שענסטע פֿאַרשווונדענע לעבן.



פֿון דער ווײַטן
איז לײַכט אונטערשיידן
אַ מענטש פֿון אַ הונט.
פֿון דער נאָענט –
אומגלייבלעך
דער בליק.



ווען אַלץ ווערט רו,
קומען צו פֿליִען פֿון ערגעץ ווו
דיווילדע פֿייגל,
די שוואַרצע,
וואָס ברענגען דעם שטורעם אין האַרצן,
צעשטערן די רו
און פֿאַרשווינדן צוריק
אין ערגעץ ווו,
ווי גאָר ניט געווען.

דעמאָלט דערהער איך
דײַן קול וואָס באַרירט
די פֿאַרוווּנדיקטע רו
און פֿרעגט, ווי אַ מאָל:
וואָס איז געשען?

**מײַן ליבסטער...**

מײַן ליבסטער איז אַ בוים
פֿון וואָרצל ביז דער קרוין,
פֿון צווײַג ביזן בלאַט,
וואָס כ'האָב אַ מאָל געהאַט.

מײַן ליבסטער האָט געבליט
מיט בונטן פֿרילינגצוויט
און די זון האָט אים געגלעט
פֿון פֿרי ביז שפּעט.

ער האָט אויך מיך געהיט
בשעת ער האָט געבליט
און אין זײַן בלעטערשפּראַך
האָט אויך געליכטיקט נאַכט.

מײַן ליבסטער איז אַ בוים,
פֿון וואָרצל ביז דער קרוין,
פֿון צווײַג ביזן בלאַט
וואָס כ'האָב אַ מאָל געהאַט.

**האַרבסט**

מיר טרעפֿן זיך אין ערשטן טאָג פֿון האַרבסט
און פֿרילינג האָט נאָך אַלץ אונדז ניט פֿאַרלאָזט.
מיר זעען ווי די גרויע וואָלקנס שרײַבן *ה א ַר ב ס ט*
און באָרוועסע מיר לויפֿן נאָך אַרום אין גראָז.

אָט זענען מיר דערלאָפֿן צו אַן ערשטן טאָג אין האַרבסט
און אַלץ צוריק איז יונג און שיין.
פֿאַרעקשנט ריידן מיר צום גראָ פֿון האַרבסט
און ווילן אים ניט גראַמען מיטן וואָרט "אַליין".

מיר זינגען נאָך לכּבֿוד ערשטן טאָג פֿון האַרבסט .



צי דערמאָנט זיך אַ גרעזל
אין אַ ברודער, אַ שוועסטער,
געוואַקסן אין איינעם, זײַט בײַ זײַט?
צי דערהערט אויך אַ גרעזל
די טרער פֿון ניט־ווערן
אין גרויסן ניטאָ
פֿון דער צײַט?



איך גיי מיט אַ ליד האַנט אין האַנט,
אַזוי ווי מיט דיר,
און אַ ליכטיקע ליבשאַפֿט קלאַמערט זיך איַין
אין שפּיגל־פּאַפּיר.

אין דרויסן רעגנט אַזוי ווי אַ מאָל
בײַם גיין מיט דיר צום ים,
און אַ שקיעה באַגלייט אונדז פֿון מאָל צו מאָל
און מיר ווערן דערטרונקען אין פֿלאַם.

די שפּור פֿון אַ ליד בלײַבט אויפֿן ברעג,
די שפּור גייט ניט אַוועק.

איך גיי מיט אַ ליד ווי מיט דיר, ווי מיט דיר,
דורך מײַנע אַנטלאָפֿענע טעג.



פֿון זינט דו ביסט ניטאָ,
חלום איך אַ ים פֿון ווײַן,
וואָס קומט אַ טרער פֿאַרבײַטן.
נאָר קיינער קאָן ניט
זיס מאַכן
די זאַלציקייט פֿון טרערן,
אַפֿילו ניט דער אַלטער ווײַן,
וואָס פֿון זײַן ניגון
פֿלעגט אונדז בעסער ווערן.



ס'איז די קילקייט פֿון וועטער,
וואָס פֿירט מיך אַוועק אין אַ וועלט ניט־פֿאַראַן.
בלײַב איך אַזוי פֿאַרנאָפּלט צום וועג
און הער פֿון דער ווײַטן אַ באַן,

וואָס דערפֿאָרט און פֿאָרט ניט אַוועק,
און קיינער אין באַן איז ניטאָ.
ווער פֿאָרט אין אַ ליידיקער באַן דורך אַ וועלט,
ווּ ס'איז קיינער ניטאָ?

בלײַב איך פֿון דרויסן און פֿרעג, ווי אַזוי
דערפֿאָרט מען אַהין ווּ איך וויל?
זאָגט מיר דער וועטער קרירהדיק־גרוי:
ס'איז בלויז אַ פֿאַרבענקט געפֿיל...

שנייִקע שויבן, זילבערנע פֿאַרב,
אַ ווײַט־ווײַטער קינדהייט־קאָליר,
און איידער די שפּור פֿאַרלעשט זיך און שטאַרבט,
דערפֿיל איך דעם כּישוף אין מיר.



און אויס איז מיטן חלום,
די וואָר האָט אים פֿאַרשוועקט.
און ווער עס האָט געחלומט –
בענקט.

די רויטע עריטרינע
צוריק אין פּולן בלי
און חלום איז צערונען
אין רויטן אינדערפֿרי.

פֿאַר וואָס האָט ניט געדויערט
די בענקשאַפֿט ביזן בלי,
אַז בלײַבן זאָל אַ חלום
אין דער פֿרי?

## אַ שורה פֿון אַ חלום

רויטע וואָלקנס אין מײַן פֿענצטער,
רויט ווי מאַלינעס אַ מאָל.
בלויז סקעלעטישע געשפּענסטער
גייען אום אין יענעם טאָל.

רויטע וואָלקנס וואָס פֿאַרפֿירן
צו אַ בלוטיק־רויטער ווײַט,
ווו עס בײַטן זיך קאָלירן,
מאָלן איבער אָרט און צײַט.

בלײַבט אַ רויטער וואָלקן הענגען,
ווי אַ מאַלינע בײַם פּלויט
און עס רעגנט צום געדענקען
יענעם וואָלקן צונטער־רויט.



אַ בלאַט איז פֿון אַ בוים געפֿאַלן
שטילערהייט,
ווי ס'וועט דאָס לעבן ווי פֿאַרפֿאַלן
און פֿאַרגייט.

אַ בלאַט האָט זיך פֿון בוים געשיידט
אויף אַלע מאָל,
ווי ס'קומט דאָס לעבן און פֿאַרגייט
אויף אַלע מאָל.

אַ בלאַט איז אין מײַן בליק פֿאַרבליבן
גרינערהייט,
ווי ס'בלײַבט די זון אין טאָג פֿאַרשריבן
און פֿאַרגייט.

**פאָלאָנעז**

אַ שטערן
וואָס פֿאַלט זיך קושן מיט דער נאַכט –
איז אַ פּאָלאָנעז.

דער ווינט וואָס העלפֿט דעם שטערן
זיך קושן מיט דער נאַכט –
איז אַ פּאָלאָנעז.

און דאָס דערזעען אַ פֿאַלנדיקן שטערן
וואָס זאָגט אונדז צו
פֿאַרווירקלעכן אַיעדן חלום –
איז דער סוף
פֿון פּאָלאָנעז.

## ליטע

אין וואַלד, אין פֿאַרקבֿרטן וואַלד,
ווו פֿרילינג איז טויט,
וואַקסן נאָך פּאָזעמקעס רויטע.
אַז דער שניי אין זון צעגייט,
ליגן זיי נאָענט צו די טויטע.

פֿאַר דעם וואָס קומט דאָ אין וואַלד
פּאָזעמקעס קלײַבן,
באַהאַלט זיי די ערד – די טויטע
זאָלן ניט עלנט פֿאַרבלײַבן.

○

דו זאָגסט: מען דאַרף פֿאַרשרײַבן,
ווי דורות האָבן אונדז געלערנט,
עס זאָל אַ שפּור פֿאַרבלײַבן,
נענטער פֿון אַ שטערן.

דו זאָגסט: מען דאַרף געדענקען,
ווי דו אַליין וואָלסט בײַ דערבײַ געווען.
ווי קאָן איך *ניט* געדענקען,
אַז איך אַליין בין בײַ דערבײַ געווען!

דו זאָגסט: זיך ניט דערשרעקן,
די ערד בלײַבט אויף אַן אָרט
און ביימער בלײַבן אויך לענג־אויס די וועגן
און עס בלײַבט דאָס וואָרט

מיט ווונד אין פֿליגל און מיט שרעק.
אַ ווונדיק וואָרטגעפֿלי.
פֿאַרשרײַבן? אוי, ווילט זיך מיר פֿאַרמעקן,
נאָר כ'ווייס ניט ווי.

דו זאָגסט: מען דאַרף פֿאַרשרײַבן.

**יאָר 2000**

די זון האָט ווי תמיד
באַגרינט די בלעטער,
די ערד איז מיט זיך אויף אַן אָרט.
אונדזער גערייד: *פֿריִער צי שפּעטער*
בלײַבט ניט מער ווי אַ וואָרט.

צוויי טויזנט יאָר,
אַ טרער ווערט ניט עלטער,
ווערט קיין מאָל ניט אויס.
אַז אונדזערע בליקן זעען פֿאַרשטעלטער,
פֿירט אונדז די טרער פֿאָרויס.

זי באַהאַלט אַלע סודות
און זאָגט אונדז ניט אויס.

**אַרום דער וויסנשאַפֿט**

כ'האָב געלערנט דעם וווּנדער, וואָס גרינט אין אַ בלאַט.
ניט געלערנט *פֿיזיאָלאָגיע פֿון ווייטיק.*
כ'ווייס ניט די געזעצן וואָס ווילן דערקלערן,
ווי אַזוי אַ ווייטיק באַרירן, פֿאַרגלעטן,
פֿאַרמײַדן.
מיט וועלכע מיטלען דאָס לײַדן פֿון ווייטיק
באַזיגן.
אָן אַ גילדענעם קלאַנג פֿון מוזיק,
אָן אַ מאַנגעריש וואָרט,
אָן אַ טרער –
איז אַיעדע היילונג
אַ ליגן.



עס גייט מיט מיר אַ בלום,
עס גייט מיט מיר אַ וואָרט,
די שטילקייט גייט מיט מיר.
עס גייט מיט מיר דײַן צײַט,
פֿאַרוויקלט אין דער נאַכט.
לבֿנה גייט מיט מיר
איר נאַכטיקן שפּאַציר,
זי שווימט, ווי תּמיד, שטום
און זעט בײַ מיר די בלום,
און הערט ווי בענקשאַפֿט רעדט –
זי הערט וואָס עס געשעט
אין לאַנד פֿון ליד.

## ליד

קום און ווער אַ וועלט פֿאַר מיר,
איך זאָל האָבן ווו דעם קאָפּ אַוועקלייגן און אויסהיילן די אויגן.
קום און ווער פֿאַר מיר אַ וועלט,
ווו פֿרימאָרגן איז ניט אויף תמיד שוין פֿאַרפֿלויגן.

פֿורעם ווי אַ דענקמאָל זיך פֿון בורשטין,
ווו אין אים באַהאַלטן זיך די שפּורן פֿון געדענקען.
ווער אַ וועלט, וואָס בליט אין אייביק־גרין,
ווער אַ ברעג, וואָס ימען קענען ניט פֿאַרשווענקען.

קום און נעם אַרײַן מיך אינעם בלוט,
וואָס קרײַזט אַרום אין אַלע ווערטער
און אַנטפּלעק אַלמאַי אַנטלויפֿט דאָס גוטס
און בראשית־לאַנדשאַפֿט הויערט אַ פֿאַרשטערטע.

קום און זײַ די וועלט פֿאַר מיר.



דו זיצסט בײַם זײַט און זעסט און לייענסט
די קליינע אותיותלעך אויף ייִדיש,
ווי עס פֿאַרשרײַבן מײַנע הענט
און איך דערהער דײַן בליק,
אַז בלויז אין ייִדיש
ווערן מײַנע אותיות ניט פֿאַרברענט.

ניט זײַן פֿאַרליבט,
ניט זײַן אויך קיין פּאָעט,
בלויז חלומען פֿון אַ פֿאַרגאַנגען לעבן
און זיך פֿאַרוואַנדלען
אין אַ סילועט
בײַם זונפֿאַרגאַנג,
מיט דיר דערנעבן.

*געאָרגי איוואַנאָוו*

ייִדיש: רבֿקה באַסמאַן – בן־חיים

רבֿקה באַסמאַן – בן־חיים

# די דרײַצנטע שעה

לידער

ישׂראל־
בוך

פֿאַרלאַג "ישׂראל־בוך" תּל־אָבֿיבֿ

רבֿקה באַסמאַן בן־חיים

# די דרײַצנטע שעה

רבֿקה באַסמאַן בן־חיים
מערץ, 2002

